



# שלמה המלך און דער אשמדאי

פון ר' מרדכי'לע.



№ 2.










ר׳ מָרְדְכַי׳לע

# שלמה הַמֶלֶךְ און דער אַשְמְדַאי.



## א.

זיבן יאָר האָט שְׁלמה הַמֶלֶךְ געבויט דעם בֵּית-הַמִקְדָש, אויפֿן שענסטן באַרג פֿון יְרוּשָׁלַיִם, אויפֿן באַרג מוֹרִיָה. אַכציג-טויזענט שטיין-שנײַדער און פֿערציג-טויזענט טרעגער האָבן בײַם געבײַ געאַרבעט, אַ חוץ שלאָסער, האָלץ-מײַסטער מיט גאָלדשמידן און קינסטלער אָהן אַ צאָל. פֿון געזעגטע שטיינער אויסגעלייגט די מויער-ווענט, באַשלאָגן אינעווייניג מיט טאָוולען צעדער-האָלץ פֿון באַרג לְבָנוֹן און באַדעקט מיט אויסגעשניצטע כְּרוּבים[1], פּאַלמען, בלומען-בליט, לויטער גינגאָלד פֿונם לאַנד אוֹפִיר. אין די גאַנצע זיבן יאָר האָט מען פֿון בִּנְיָן ניט געהערט קיין שום גערויש פֿון אייזערנעם געצייג: קיין האַק האָט נישט געהילכט, קיין זעג האָט נישט געגרילצט, קיין האַמער נישט געקלאַפּט. ווייל גאָט האָט עס פֿאַרווערט, אַזוי צו זאָגען: אײַזן איז באַשאַפֿן צו פֿאַרקירצן דעם מענשענס טעג און גאָטס הויז איז צו לאַנגע יאָר.

## ב.

ווי-אַזוי האָט שְׁלמה הַמֶלֶךְ די שטיינער געהאַט געזעגט אָהן אייזען-געצייג? פֿאַראַן אַ ווערימל אַזעלכס, שָׁמִיר איז זיין נאָמען, אַ קליינס און איינס אין גאַר דער וועלט. ווען גאָט-בָּרוּךְ-הוּא האָט די וועלט באַשאַפֿן אין זעקס טעג, און דעם ערשטן פֿרייטאָג, בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת[2], ווען ער איז פֿאַרטיג געוואָרן מיט דער גאַנצער אַרבעט, שוין געווען גרייט זיך אָננעמען דעם שַׁבָּת-קוֹדֶש, האָט ער נאָך צולעצט באַוויזן צו באַשאַפֿן צווישן טאָג און נאַכט צעהן נִסים-וואונדער פֿון דער וועלט. איינס פֿון זיי איז דער שָׁמִיר, האַרטער פֿון קיזל-שטיין, שאַרפֿער פֿון דימענט. דער שָׁמִיר

---

1) כרובים — גאָלדענע פֿייגל, וואָס זיינען געשטאַנען אין בית-המקדש.

2) בין-השמשות — די צייט, וואָס צווישן טאָג און נאַכט.

שפּאַלט די שטאַרקסטע פֿעלזן, שנײדט זיי ווי אַ דינעם טאָוול גלאָז. דעם שָׁמיר האָט דער מֶלֶךְ שְׁלמה געלאָזט אויסזוכן צו ארומזעגן די מויער־שטיינער צום בִּנְיַן בֵּית־הַמִקְדָּשׁ.

ג.

און שְׁלמה הַמֶלֶךְ האָט געלאָזט רופֿן אַלע זְקֵנִים[1]) און חֲכָמִים פֿון מְדִינָה און צו זיי אַזוי געזאָגט:

טאָמער
ווייסט איר פֿון שָׁמיר,
וואָס קאָן אַלע שטיינער צושפּאַלטן —
זאָגט מיר, וואו ליגט ער באַהאַלטן?

ענטפֿערן זיי אים: אַדוני קיניג, מיר ווייסן וואויל. מיט דעם שָׁמיר האָט גאָט־בָּרוּךְ־הוּא אויסגעקריצט די צעהן־געבאָט אויף די לוחות, וואָס ער האָט געגעבן צו משֶׁה רַבֵּינוּ אויפֿ'ן באַרג סִינַי. פֿון דעמאָלט אָן איז דער שָׁמיר פֿאַרבאָרגן געוואָרן און וואו ער געפֿינט זיך, ווייסט קיין מוטער־מענש נישט.

איז אויפֿגעשטאַנען דער יינגסטער פֿון די ראָט־געבער[2]), בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, געבוקט זיך צום מֶלֶךְ דריי מאָל און צו די חֲכָמִים זיבען מאָל. און אַזוי געזאָגט: אַדוני קיניג, איך ווייס וואויל. ווען משֶׁה רַבֵּנוּ איז פֿערציג טעג און פֿערציג נעכט אויפֿ'ן הימל געוועזן, האָבן אים די מַלְאָכִים מַתָּנוֹת געגעבן. שִׁשִׁים רִבּוֹא[3]) מַלְאָכִים — שִׁשִׁים רִבּוֹא געשענק. איינס פֿון זיי איז געווען דער שָׁמיר, אַ מַתָּנָה פֿון מַלְאָךְ שְׁמַריאֵל. און אַז ער איז צוריק פֿון באַרג אַראָפּגעגאַנגען, האָט ער די לוחות אין דער לינקער האַנט געטראָגן און דעם שָׁמיר אין דער רעכטער האַנט: ער האָט די מַשָׂא פֿון ווערימל שווערער געפֿילט, ווייל די הייליגע שטיינער האָבן זיך פֿון זיך זעלבערט אין דער לופֿטן געטראָגן. און אַז ער האָט פֿון ווייטן די קולות דערהערט, ווי דאָס זינדיגע פֿאָלק טומלט אין טענץ אַרום גילדערנעם קאַלב, האָט ער פּלוצלונג דערזעהן, ווי

---

[1]) זקנים — עלטסטע.

[2]) ראָט־געבער — מיניסטאָרן.

[3]) ששים־רבוא — זעקס־הונדערט־טויזענט.

די הײליגע אותיות פֿאַרלאָזן די לוחות און שװעבן װי פֿײערינע פֿײגעלאַך צום הימל אַרױף. פֿאַרפֿלױגן די געטליכע נְשָׁמָה פֿון שטײן, — געבליבן דער גוף נאָר אַלײן, קאַלט און שװער, ניט אַריבערצוטראָגן. האָט ער די לוחות אַ שלײדער געטאָן און אױף ברעקלאַך צושלאָגן. פֿון קלאַפּ האָט זיך דער שָׁמִיר אַ צאַפּל געטאָן און איז פֿון האַנט אָפּגעשפּרונגען, און אין געשטאַלט פֿון אַ פֿײערינגן קאַלב אין דער לופֿטן פֿאַרפֿלױגן — גלײך צום שור-הַבָּר[1]). פֿון דעמאָלט אָן װײסט קײן כוטער-מענש, װאו ער געפֿינט זיך. בָּכֵן, איז מײן ראָט און מײן עֵצָה, אֲדוֹני קיניג, אַזױ װי דו גע-װעלטיגסט איבער אַלע בְּהֵמוֹת פֿון פֿעלד און חַיוֹת פֿון װאַלד — רוף זײ צונױף און פֿרעג, אֶפְשָׁר װײסן זײ.

ד.

האָט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ געלאָזט רופֿן אַלע בְּהֵמוֹת פֿון פֿעלד און חַיוֹת פֿון װאַלד און געפֿרעגט:

טאָמער
װײסט איר פֿון שָׁמִיר,
װאָס קאָן אַלע שטײנער צושפּאַלטן —
זאָגט מיר, װאו ליגט ער באַהאַלטן?

ענטפֿערן זײ אים: אֲדוֹני קיניג, מיר װײסן װאױל, װען דער אײבערשטער האָט איבערגעגעבן דעם שָׁמִיר צום שור הַבָּר, האָט ער אים באַשװאױרן אַזױ צו זאָגן: היט דעם טײערן פִּקָּדוֹן[2]), ביז איך װעל אים פֿון דײן האַנט פֿאָדערן. באַנוצן מעגסטו אים אַמאָל, אָבער נאָר פֿון לײטענס װעגן, אַלײן טאָרסטו פֿון אים קײן הֲנָאָה נישט האָבן.

און אַז משֶׁה האָט דעם מִשְׁכָּן[3]) געבױט, האָט דער שור הַבָּר געפֿאָלגט גאָט'ס געבאָט און דעם שָׁמִיר געבראַכט צו בְּצַלְאֵל בֶּן אוּרִי בֶּן חוּר. מיט אים האָט דער קינסטלער די טײערע שטײנער

---

[1]) שור הבר — דער גרעסטער אָקס, דער מלך פֿון אַלע בהמות.
[2]) פקדון — אַ זאַך, װעלכע מ'גיט אימעצן צו היטן.
[3]) משכן — גאָטס געצעלט, װאָס די ייִדן האָבן אױפֿגעשטעלט אין מדבר.

פֿון חוֹשֶן ואֵפֿוֹד¹) געשליפֿן, די נעמען פֿון אַלע צוועלף שְבָטים אויף זיי אויסגעקריצט.

און ווען אַהרן הַכֹּהֵן האָט צום ערשטן מאָל די עֲבוֹדָה²) געטאָן, האָט דער שוֹר-הַבָּר אויפֿגערופֿן אַלע בְּהֵמוֹת פֿון פֿעלד און חַיוֹת פֿון וואַלד און פֿאַר זיי זיך באַרימט: זעהט, ווי עס פֿינקלען די הייליגע אותיות אין אורים וְתוּמים³) און זאָגן נְביאות, וואָס שפּעטער וועט זיין. דאָס האָט מען דאָך אַלץ מיט מיין שָמיר געקריצט.

איז דער שוֹר הַבָּר גרוֹיס געוואָרן ביי זיך אין די אויגן און זיין שְבוּעָה פֿאַרגעסן, האָט ער דעם שָמיר פֿאַר אַ צירונג אַרויסגענומען, צווישן זיינע הערנער צוגעבונדן און האָפֿערדיג מיט אים געפּראַלט.

דערפֿאַר האָט אים גאָט געשטראָפֿט. איינמאָל גייט ער צום יַרְדֵן⁴) טרינקען און דערזעהט זיין אייגענע געשטאַלט אין וואַסער אָפּגעשפּיגעלט. מיינט ער, אַז דאָס איז אַן אַנדער אָקס מיט אַזאַ שָמיר צווישן די הערנער, בייגט ער זיך אָן און וויל אים שטויסן. איז דער שָמיר אין וואַסער אַריינגעפֿאַלן און דער לִוְיָתָן⁵) האָט אים אויפֿגעכאַפּט. פֿין דעמאָלט אָן ווייסט קיינער פֿון אונז נישט, וואו דער שָמיר געפֿינט זיך. בְּכֵן איז אונזער-דאָט און אונזער עֵצָה, אַדוני קיניג, אַזוי ווי דו געוועלטיגסט איבער אַלע פֿיש אין וואַסער, רוף זיי צונויף און פֿרעג, אֶפְשֶר ווייסן זיי.

## ה.

האָט שְלמה הַמֶלֶך געלאָזט רופֿן די פֿיש פֿון אַלע טייכן און יַמים און זיי געפֿרעגט:

¹) חושן ואפֿוד — די ברוסט-קליידער, וואָס דער כהן-גדול פֿלעגט טראָגן.

²) עבודה — גאָטעס-דינסט.

³) אורים ותומים — הייליגע איידעלשטיינער, וואָס דער כהן גדול פֿלעגט טראָגן אויפֿ'ן חושן, און פֿלעגט ביי זיי פֿרעגן אַ עצה, וואָס ס'דאַרף פֿאָרקומען אין די קומענדיגע ציטן.

⁴) ירדן — אַ טייך אין ארץ-ישראל.

⁵) לויתן — דער גרעסטער פיש.

טאַטער
ווייסט איר פֿון שָׁמִיר,
וואָס קאָן אַלע שטיינער צעשפּאַלטן —
זאָגט מיר, וואו ליגט ער באַהאַלטן?

ענטפֿערן זיי אים: אַרוֹנִי קיניג, מיר ווייסן וואויל. ווען יְהוֹשֻׁעַ בֶּן נוּן האָט דאָס פֿאָלק יִשְׂרָאֵל אין היילִיגן לאַנד אַריינגע- פֿירט און גאָט האָט פֿאַר זיי די וואַסערן פֿון יַרְדֵן טרוקן געמאַכט, האָבן זיך אויפֿגעוואַמעלט אַלע פֿיש פֿון טייך מיט די פֿרעש פֿון די זומפּן אַרום, און זיי זיינען געקומען צום לִוְיָתָן און צו אים אַזוי געזאָגט: דו ביזט אונזער מֶלֶךְ און האַר, העלף אונז אין אונזער נויט, מיר זאָלן נישט פֿאַרשמאַכט ווערן פֿון טריקעניש אָהן וואַסער.

האָט דער לִוְיָתָן דעם שָׁמִיר פֿון זיין באַהאַלטעניש גענומען און מיט אים דעם אָפּגרונט געשפּאָלטן, זיינען אַרויס קוואַלן וואַ- סער און דעם געמייזעכץ פֿאַרפֿליצט, דאָרט האָבן זיך פֿיש און פֿרעש אויפֿגעהאַלטן, ביז דאָס פֿאָלק יִשְׂרָאֵל איז בְּשָׁלוֹם דעם יַרְדֵן אַריבער און די וואַסערן האָבן זיך צוריק צו זייער גרעניץ אומ- געקערט. זיינען אַלע פֿרעש און פֿיש געקומען צום לִוְיָתָן, אים דאַנקען און לויבן פֿאַר דער גנאָד, וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן.

איז דער לִוְיָתָן גרויס געוואָרן ביי זיך אין די אויגן און האָט זיין שְׁבוּעָה פֿאַרגעסן. האָט ער אַרויסגענומען דעם שָׁמִיר פֿון זיין באַהאַלטעניש און מיט אים זיך געפֿראַלט און געשפּילט. בעקי[1]) מיט וואַסער איינגעשלונגען און דורך די נאָזלעכער אין הויכע זיילן צום הימל געשליידערט. און צווישן די שפּריצן-טראָפּן האָט דער שָׁמִיר אין דער לופֿטן געפֿינקעלט, געשפּילט אַנטקעגן דער זון מיט זיבן פֿאַרבן פֿונם רעגנבויגן.

דערפֿאַר האָט אים גאָט געשטראָפֿט: אינמיטן שפּיל איז דער ווילדער אויער-האָן ד״רל געפֿלויגן און דעם שָׁמִיר אין דער- לופֿטן אויפֿגעכאַפּט. פֿון דעמאָלט אָן ווייס קיינער נישט, וואו ער געפֿינט זיך. כֵּהֵן איז אונזער ראָט און אונזער עֵצָה, אַדוֹנִי

[1]) בעק — טייכן וואַסער.

קיניג, אזוי ווי דו געוועלטיגסט איף אלע געפליגל[1]) פון אונטער הימל, רוף זיי צונויף און פרעג, אֶפְשָׁר ווייסן זיי.

האָט שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ געלאָזט רופן אַלע געפליגל פון אונטערן הימל און האָט זיי געפרעגט:

כאָמער
ווייסט איר פון שָׁמִיר,
וואָס קאָן אַלע שטיינער צעשפּאַלטן —
זאָגט מיר, וואו ליגט ער באַהאַלטן!

ענטפערן זיי אים: אֲדוֹנִי קיניג, מיר ווייסן וואויל. אונזער אויער-האָן האָט דעם טייערן פִּקָדוֹן היילינג געהאַלטן און גאָטס געבאָט ביז אויף היינטיגן טאָג געפאָלגט.

ער פליהט אַרום טאָג-אַיין טאָג-אויס אין די ווּיסטע מִדְבָּרִיוֹת, ליינט צו דעם שָׁמִיר צום הויכן באַרג — ווערט ער צעשפּאָלטן, דירט צו דעם שָׁמִיר צום פעסטן פעלז — ווערט ער צעריצט הייבט ער אָן צו פאָכן מיטן לינקען פליגל — קומט דער ווינט פון צָפוֹן-זייט און ברענגט צוטראָגן זאַמד און שטויב, פאַרשיט דערמיט די שפּאַלטן-ריצן אין באַרג און פעלז. און ווידער פאָכט דער אויער-האָן שוין מיטן רעכטן פליגל — קומט דער ווינט פון דָרוֹם-זייט און ברענגט צוטראָגן זוימען-קערנער, זעצט זי איין אין ווייכן זאַמד, שפּראָצן גראָזן-קרייטעכצער, פיטערונג פאַר רינד און שאָף; וואַקסן ביימער-פלאַנצן, פרוכט צו שפּייזן די מענשן-קינדער. לאַנד און לייט געניסן פון גאָטס בְּרָכָה און טוען טאָג אין נאַכט זיין ליבן נאָמען בענשן און לויבן.

און דער אויער-האָן אַנטלויפט פון לויב און דאַנק, פאַרבאָרגט זיך וויט, ערגיץ אין עק וועלט, און קיינער ווייסט נישט וואו, חוץ דעם אַלטן אַשְׁמְדַאי, דעם מֶלֶךְ פון אַלע שֵׁדִים. בְּכֵן, איז אונזער ראָט און אונזער עֵצָה, אֲדוֹנִי קיניג, אזוי ווי דו געוועלטיגסט איבער אַלע שֵׁדִים און רוחות, רוף זיי צונויף און פרעג, אֶפְשָׁר ווייסן זיי.

[1]) געפליגל — פייגל.

ז.

האָט שְׁלמה הַמֶלֶך געלאָזט רופן אַלע שֵׁדים און רוחות פון אַלע פּוסטע פעלדער און וויסטע וועלדער, זומפּן און וויספּעס, יַמים און מִדְבָּריות און זיי געפרעגט:

זאָגט מיר, וואו איז אייער קיניג,
דער אַלטער אַשְׁמְדַאי?
דינט איר טריי
מיר אונטערטעניג,
לאָז איך אייך באַלד פריי
אין אַלע פיר וועלט-עקן —
יענט איר אָבער ווידערשפּעניג —
וועט איר ביי מיר ווייזעך שמעקן!

ענטפערן זיי:

דאַרפסט אונז נישט אַזוי פיל שרעקן, ווייל מיר וועלן דיר דעם סוד אַנטפּלעקן. דאָרט אויף יענער זייט הָרֵי-חוֹשֶׁך[1]: ווייט, דאָרט, וואו דער גֵיהִנֹם האַלט ברייט אָפן זיינע פינסטערע טויערן, וואו ס'פלאַקערט אומגעהייער אַ געמיש פון העליש-פייער, שוואַרץ און רויט; וואו מיט שאַל און קנאַל שליידערט זיך אַ וואַסערפאַל פון גרינע גאַל; וואו דער הימל איז פון בליי און די ערד פון ווזינע פעך — דאָרט האָט דער אַשְׁמְדַאי זיך אַ וואוינונג אויסגע-בויט — אַ היל מיט טירן דריי און שלאָס און ריגל, און נעבן, דערביי — אַ גרוב, אָנגעגאָסן פול מיט קילע וואַסער שטילע. אויפן גרוב אַ אומגעהייער-שווערער בלויער גֵיהִנֹם-שטיין צוגעחתמעט מיט אַ שוואַרצן זיגל. האָסטו שטאַרקע פליגל — בעוויז אַ נֵס, אַ צייכן, פרווו צום אַשְׁמְדַאי דערגרייכן, און קום צו אים, ווען די כּישוף-מאַכערס, די געניטע, האָבן אויף אים אויך קיין שְׁלִיטָה.

ענטפערט זיי שְׁלמה הַמֶלֶך:

דאָס פאָלק יִשְׂרָאֵל ווייסט נישט פון כּישוף און כּח הַטוּמְאָה, זיי קאָנען באַווייזן וואונדער נאָר וואויל נאָר מיט גאָט בָּרוּך-הוּא'ס הייליגן נאָמען.

---

[1] הרי חושך — לעגענדאַרישע חייטע בערג.

בײַ די װערטער זײַנען די נישט־גוטע אנטרונען געװאָרן, פֿאַרשװאונדען געװאָרן, װי רויך פֿאַרן װינט.

## ח.

האָט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ געלאָזט רופֿן בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע און האָט צו אים אַזױ געזאָגט:

— גײ אויף יענער זײַט פֿון די װײַטע הָרֵי חוֹשֶׁךְ און ברענג מיר פֿון דאָרט דעם אַלטן אַשְׁמְדַאי געפֿאַנגען און געשמידט.

און מיטגעגעבן האָט ער אים אַ שאַרפֿן עקבער פֿון געשליפֿן שטאָל און אַ לאַנגע קײט מיט אַ שלאָס פֿון קופּער אויסגענאָסן און דערויף דער שֵׁם־הַמְפֹרָשׁ[1] אויסגעקריצט.

און נאָך האָט ער אים מיטגעגעבן זיבן לאָגלען מיט אַלטן װײַן און צװײ מאָל זיבן בינטלאַך װאָל.

האָט בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע זיך געבוקט צום מֶלֶךְ זיבן מאָל און געזאָגט:

איך בין שטענדיק גרײט געטרײַ
צו פֿאָלגן דײַן געבאָט
און גאָט װעט װײַזן זײַן גענאָד.
איך גײ זוך־אויף דעם אַשְׁמְדַאי
און ברענג אים מיט
געפֿאַנגען און געשמידט.

## ט.

און בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע האָט־זיך געפֿעדערט[2], אָנגעגורט די לענדן און געלאָזט זיך גײן אין װעג. זיבן טעג און זיבן נעכט איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, װאַלד־אײַן, װאַלד־אויס, באַרג־אויף, באַרג־אָפּ, ביז ער איז געקומען צו דער הײל פֿון אַלטן אַשְׁמְדַאי און דערזען דעם בלױען גֵיהִנֹּם־שטײן דעם שװערן, צוגעחַתְמ'עט מיט אַ שװאַרצן זיגל.

---

[1]) שם־המפֿורש — גאָט'ס נאָמען, אַז מ'רעדט אים אויס קאָן מען אױפֿטאָן װאונדער.

[2]) געפֿעדערט — אױפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿריה.

און דער אלטער אַשְׁמְדַאי האָט זיך אַזוי געפירט: אַ גאַנצן טאָג שוועבט ער אַרום פון איין עק וועלט אין אַנדערן; צווישן טאָג און נאַכט קומט ער צופליהען, באַקוקט די שוואַרצע חֲתִימָה — זי איז גאַנץ. וועלגערט[1] ער אַראָפּ דעם שווערן גיהֶנֹם-שטיין מיטן מינדסטן[2] נאָגל פון זיין רעכטער האַנט, טרינקט אויס דאָס וואַסער מיט איין שלונג, שעפּט-אָן פרישע פון טויטן-קוואַל, וועלגערט ווידער אַרויף דעם שווערן גיהֶנֹם-שטיין מיטן מינדסטן קרעל[3] פון זיין לינקען הינערשן פוס, פאַרזיגעלט מיט זיין שוואַרצער חֲתִימָה, הייבט זיך אויף און פליהט אַוועק אין הימל אַריין אויף אַ גאַנצע נאַכט.

י.

און בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע איז געקומען מיט זיין לאַנגען עקבער פון געשליפן שטאָל, די גרוב פון אונטן דורכגעבויערט און דאָס וואַסער אויסגעצאַפּט און די לאָך האָט ער פאַרשטאָפּט מיט די זיבן בינטלאַך וואָל. און נאָכאַמאָל האָט ער די גרוב פון אויבן דורכגעבויערט אָן-אַ-זייט ביים שטיין און אַהין אַריינגעגאָסן די זיבן לאָגלען אַלטן, שטאַרקן ווין און דעם לאָך ווידער-אַמאָל פאַרשטאָפּט מיט די אַנדערע זיבן בינטלאַך וואָל און אַליין האָט ער זיך אין אַ ווינקעלע באַהאַלטן, אין האַנט האַלט ער די לאַנגע קייט פון אייזן מיטן שלאָס פון קופּער און דאַרויף דער שֵׁם-הַמְפוֹרָש אויסגעקריצט.

צווישן טאָג און נאַכט איז דער אלטער אַשְׁמְדַאי געקומען צופליהען, באַקוקט די שוואַרצע חֲתִימָה — זי איז גאַנץ. וועלגערט ער אַראָפּ דעם שווערן גיהֶנֹם-שטיין און טרינקט-אויס מיט איין שלונג דעם גאַנצן שטאַרקן ווין — פאַרדרייט-זיך אים דער קאָפּ פאַלט ער אַנידער אויפן אָרט טויט-שיכּור.

דאָ שפּרינגט-צו בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע גלייך צום אלטן אַשְׁמְדַאי, וואַרפט אויף אים אַרויף די קייט און פאַרשמידט אים מיטן שלאָס

---

[1]) וועלגערט — קייקעלט אַראָפּ.

[2]) מינדסטן — קלענסטן.

[3]) קרעל — דער נאָגל פון אַ פויגל.

— דער אַלטער אַשְׁמְדַאי האָט זיך אויסגעניכטערט, אויפגעכאַפּט פון שלאָף און הייבט־אָן צו שפּרינגען און טאַנצן אויף זיינע הינטער־פיס, פּיפּסט מיט אַ פאַרדומפן ווילדן גרילץ, וואַרפט און צאַפּעלט זיך, אַזוי, אַז די ערד האָט אויפגעציטערט אַרום פיר־הונדערט מייל אויף פיר־הונדערט מייל.

זאָגט צו אים בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע: אומזיסט איז דיין מאַטערניש, זיין גאָטס נאָמען איז אויף דיר! הויב־אויף די פיס דיינע די הינטערשטע און גיי מיר נאָך, וואוהין איך וועל דיך פירן, ביז איך ברענג דיך צו מיין האַר און קיניג צו שְׁלֹמֹה־בֶּן־דָוִד דער מֶלֶך פון יִשְׂרָאֵל און יְרוּשָׁלַיִם.

### י״א.

— לאָזן זיי זיך גיין אין וועג: בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע טרעט פאָראויס און דער אַלטער אַשְׁמְדַאי נאָך אים.

— גייען זיי פאַרביי אַ צווייגהאַפטיגן לינדן־בוים, טוט אים דער אַלטער אַשְׁמְדַאי אַ שטויס און רייסט אים מיטן וואָרצל אויס. גייען זיי פאַרביי אַ רייכן פּאַלאַץ, גיט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי זיך נאָר אַ רייב און קערט אים איבער. גייען זיי פאַרביי דאָס געצעלט פון אַ פאַרוואָרלויזטער[1] אַלְמָנָה, קומט די אָרימע פרוי אַרויס אַנטקעגן און בעט זיך בְּתְּחִנִּים: טוט מיין וואוינונג נישט פאַרוויסטן. גייען זיי ווייטער. זעהט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי אַ בלינדער בלאָנ־זעט — פירט ער אים באַלד אַרויף אויפן גלייכן וועג. זעהט ער ווייטער, ווי אַ שיכּור ליגט אין אַ גראָבן, שפּרינגט ער צו און הייבט אים אויף און שטעלט אים אויף די פיס. פרעגט בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע. וואָס באַטייט עס? ענטפערט אים דער אַשְׁמְדַאי: דער בלינדער איז אַ צַדִּיק און כ'האָב געהערט אַ בַּת־קוֹל[2]) אויסרופן אין הימל, אַז ווער ס'טוט אים גוטס קויפט זיך דערמיט עוֹלָם־הַבָּא — האָב איך עס ביי דיר אויסגעכאַפּט. דער שיכּור ווידער איז אַ גרויסער רָשָׁע, וואָס האָט אין זיין גאַנצן לעבן נאָר איינמאָל אַ מִצְוָה זיך פאַרדינט, און כְּדֵי דער זְכוּת פון דער דאָזיגער מִצְוָה

---

[1]) פאַרוואָרלויזט — עלענד.

[1]) בַּת־קוֹל — אַ קול פון הימל.

זאָל אים אויף יענער וועלט נישט קאָנען בייטשין. האָב איך אים דעם שְׂכַר געלאָזט געניסן דאָ, אויף דער וועלט, און ער וועט זיך שוין אויף אייביג לייטערן אין גֵיהִנֹם.

ווייטער זעהען זיי, ווי איינער שטייט און דינגט זיך מיט אַ שוסטער. לאַכט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי און זאָגט:

ער באַשטעלט, דער שוֹטֶה, שיך אַ פּאָר,
זיי זאָלען דינען זיבּן יאָר —
און פון היינט אין זיבן טעג
שטאַרבט ער גאָר אַוועק.

אַזוי זיינען זיי געגאַנגען זיבן טעג און זיבּן נעכט וואַלד-איין, וואַלד-אויס, באַרג-אויף, באַרג-אַפּ, ביז אויפן אַכטן טאָג זיינען זיי געקומען קיין יְרוּשָׁלַיִם גלייך אין מֶלֶכ'ס פּאַלאַץ.

יב.

דעם ערשטן טאָג האָט מען דעם אַשְׁמְדַאי ניט צוגעלאָזט צום מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה. פרעגט ער: פאַרוואָס? זאָגט מען אים: דער מֶלֶךְ האָט ביינאַכט געטרונקען צו-פיל וויין טוט אים וויי דער קאָפּ. נעמט דער אַשְׁמְדַאי צוויי ציגל און ליגט אַרויף דעם קלענערן אויפן גרעסערן. פרעגט מען אָן בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, וואָס באַטייט עס? ענטפערט ער: דאָס ווייזט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי אונז אויפן וואונק: גיט אים נאָך אַ כּוֹס, וועט עס דעם דול אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. האָט מען אַזוי געטאָן און ס'האָט געהאָלפן.

דעם צווייטן טאָג רופט מען אים ווייטער נישט צום מֶלֶךְ. פרעגט ער נאָכאַמאָל: פאַרוואָס? זאָגט מען אים: דער מֶלֶךְ האָט ביינאַכט געגעסן צו-פיל פליייש — גריםט[1] היינט אין כוּךְ. נעמט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי אַראָפּ איין ציגל פונם אַנדערן. פרעגט מען אָן בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, וואָס באַטייט עס? ענטפערט ער: דאָס ווייזט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי אונז אויפן וואונק: גיט אים היינט ניט עסן, וועט ער געזונט ווערן. האָט מען אַזוי געטאָן און ס'האָט געהאָלפן.

אויפן דריטן טאָג האָט מען אים צום מֶלֶךְ אַריינגעפירט.

[1]) גריםט — דרייט.

נעמט דער אלטער אשמדאי א שטעקן פיר איילן לאנג, ווארפט אים צו דעם מלך שלמה און זאגט:

ווייט און ברייט איז דיין מלוכה
און דו האסט אלץ ניט קיין מנוחה,
ביז די הרי־חושך שוין דערגאנגען
און מיך, דעם אלטן אשמדאי, געפאנגען.
גאר די וועלט איז דיר אלץ ווייניג,
דו מעכטיגסטער פון אלע שטארקע —
נאך דיין טויט, אדוני קיניג,
באקומסטו בלויז פיר איילן קרקע[1].

ענטפערט אים דער מלך שלמה: איצט פארלאנג איך פון דיר גארנישט, זאג מיר נאר, וואו האלט זיך אויף דער ווילדער אויער־האן, וועל איך ביי אים דעם שמיר שוין ארויסבאקומען אויף ארומצוזעגן די מויער־שטיינער צום בית המקדש, און ווען גאנץ הויז ווערט פארטיג, לאז איך דיך ארויס שוין פריי.

ענטפערט אים דער אלטער אשמדאי:

— דארט אין ווייטן מזרח־לאנד, ווייט אויף יענער זייט גן־עדן, דארט, וואו ס'פליסן פיר טייכן, שטייען ביים סאמע ברעג פיר וועלדער. ס'וואקסן דארט וואונדער־שיינע אתרוגים־ביימער, וואויל־שמעקעוודיגע הדסים, און טייטל־ביימער חנעוודיג מיט גרינע לולבים באפוצט. דארט אין יענעם מזרח־לאנד האט דער אויער־האן זיין נעסט אויסגעבויט, און האלט דארט דעם שמיר טיף באהאלטן און היט אים פון מענשענס אויג אפ.

יג.

האט שלמה המלך געלאזט רופן בניהו בן יהוידע און האט צו אים אזוי געזאגט: גיי אין ווייטן מזרח־לאנד, אויף יענער זייט גן־עדן, זוך דארט אויף דעם אויער־האן און באקום ביי אים דעם שמיר אויף ארומצוזעגן די מיער־שטיינער צום בית־המקדש.

און מיטגעגעבן האט ער אים א דיקן טאוול ווייס געשליפן גלאז און א לאנגען שטאק פון פימסן־האלץ.

---

[1]) קרקע — ערד אויף א קבר.

און בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע האָט זיך געפֿעדערט, אָנגעגורט די לענדן און געלאָזט זיך גיין אין וועג. זיבן טעג און זיבן נעכט איז ער געגאַנגען, וואַלד־איין, וואַלד־אויס, באַרג־אויף, באַרג־אָפּ, ביז ער איז געקומען אַהין, אין יענעם ווייטן מִזְרָח־לאַנד, אויף יענער זייט גַן־עֵדֶן, און אויפֿגעזוכט די נעסט פֿונם אויער־האָן, פֿול מיט יונגע עופֿעלאַך, נאָר־וואָס אויסגעפּיקט זיך פֿון די אייעלאַך.

און דער אַלטער אויער־האָן איז נאָר־וואָס אָפּגעפֿלויגן ברענגען שפּייז פֿאַר זיינע יונגע עופֿעלאַך. קומט בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע און דעקט־צו די נעסט מיטן דיקן טאָוול ווייס־געשליפֿן גלאָז און אַליין באַהאַלט ער זיך הינטער אַ גערינגטער צווייג, און האַנט האַלט ער גרייט דעם לאַנגען שטאָק פֿון פּימסען־האָלץ.

קומט דער אויער־האָן צופֿליהען מיט אַ פֿולן שנאָבל שפּייז, די הונגעריגע עופֿעלאַך שטרעקן אים די קעפּלאַך אַנטקעגן, און ער זעהט און הערט, ווי זיי עפֿענען־אויף די מיילעלאַך, בעטן עסן און ער קאָן נישט צוקומען. פּרווט ער זיך דאָס גלאָז צו־פּיקן — נעמט דער שנאָבל ניט.

נעמט אים אָן אַ גרוים בִּחְמָנוּת אויף זיין יונגע געבוירטע[1] — פֿליהט ער נאָכאַמאָל אַוועק און קומט צוריק געשווינד מיט אַ ווערימל אין שנאָבל — דאָס איז געווען דער שָׁמִיר.

און ווי ער קומט צום נעסט און וויל אַ פּיר־טאָן מיטן שָׁמִיר איבערן גלאָז, טוט עס מיט אַ מאָל אַ זעץ מיט אַ מוֹרָאִ'דיגן הילך. דער אויער־האָן בלייבט שטיין פֿאַרציטערט און פֿאַרגאַפֿט[2] און דער שָׁמִיר פֿאַלט ביי אים אַרויס פֿון שנאָבל.

דאָס האָט בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אים דערלאַנגט פֿון זיין באַהעל־טעניש מיטן לאַנגען שטאָק פֿון פּימסען־האָלץ און אַליין באַלד צו־געשפּרונגען און דעם שָׁמִיר אויסגעכאַפּט.

און אַז דער אויער־האָן איז צו זיך געקומען און זיך באַדענקט, וואָס ער האָט דאָ געטאָן: די שבועה געבראָכן, דעם פִּקָּדוֹן נישט אַיינגעהיט — האָט ער איינגעשווּנגען אַ שאַרף שטיינדל און זיך דערוואָרגן.

---

[1]) געבוירטע — קינדערלאַך.

[2]) פֿאַרגאַפֿט — פֿאַרחידושט.

און אז בְּנָיָהו בֶּן יְהוֹיָדָע האָט דעם שָׁמִיר געבּראַכט צו שְׁלמה הַמֶלֶךְ, האָט מען מיט אים געאַרבּעט זיבּן יאָר כְּסֵדֶר און געשפּאָלטן די מויער-שטיינער צום בֵּית-הַמִקְדָשׁ.

יד.

נאָך די זיבּן יאָר, אַז דער בִּנְיָן[1] איז שוין פאַרטיג געווען, האָט שְׁלמה הַמֶלֶךְ געלאָזט רופן דעם אַשְׁמְדַאי און האָט צו אים אַזוי געזאָגט: באַלד ווערסטו שוין פריי, נאָר ווייז מיר פריהער דיין בְּרִיָה'שקייט, מיט וואָס איז גרויס דיין טייוולשער כּוֹחַ. —

ענטפערט אים דער אַלטער אַשְׁמְדַאי: נעם פון מיר פריהער אַראָפּ די קייט, שמיד מיר אָפּ די הענט און די פיס, וועל איך קאָנען ווייזען בְּרִיָה'שקייט, מיט וואָס ס'איז גרויס מיין טייוולשער כּוֹחַ.

האָט שְׁלמה הַמֶלֶךְ זיך באַנאַרישט און געפאָלגט. נעמט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי און-צעלאָזט די פליגל זיינע, איינעם אָנגע-שפּאַרט אָן דער ערד און מיטן אַנדערן — דערגרייכט ביז צום הימל. און אויפגעעפענט זיין מויל און שְׁלמה'ן איינגעשלונגען און באַלד אים ווידער אויסגעשפּיגן און פאַרשליידערט איבּער פוסטע פעלדער, איבּער וויסטע וועלדער, ווייט פיר הונדערט מייל פון יְרוּשָׁלַיִם.

און אַליין האָט דער אַלטער אַשְׁמְדַאי אָנגענומען שְׁלמה'ס געשטאַלט און אָנגעטאָן זיינע קליידער. געזעצט זיך אויף זיין שטול פון העלפענביין און אַרויסגעגעבּן געזעצן אין נאָמען פון שְׁלמה-בֶּן-דָוִד, דעם מֶלֶך פון פאָלק יִשְׂרָאֵל אין יְרוּשָׁלַיִם.

טו.

און שְׁלמה הַמֶלֶךְ האָט זיך אויפגעכאַפּט אין פרעמדן לאַנד, וואו דער אַשְׁמְדַאי האָט אים פאַרוואָרפן, ווייט פיר-הונדערט מייל פון יְרוּשָׁלַיִם.

פרעמד און עלענד איז ער אומעטום געווען, אַרומגעגאַנגען איבּער די הייזער און געבּעטעלט ברויט און וואוהין ער איז גע-קומען און געשריען: אֲנִי שְׁלמה — איך בּין שְׁלמה הַמֶלֶךְ, —

[1] בנין — דאָס געבּוי.

האָט אים קיינער ניט געגלויבט. אַלע האָבן פֿון אים געלאַכט און געמיינט ניט אַנדערש, אַז ער איז משוגע. און פֿאַרשייטע יונגען פֿלעגן אים נאָכלויפֿן אין די גאַסן, פֿאַרוואַרפֿן מיט שטיינער און נאָכשרייען: אָט גייט דער משוגענער, וואָס זאָגט אויף זיך, אַז ער איז שלמה המלך.

נאָר צוויי מענשן האָבן זיך געפֿונען אין איין שטאָט, וואָס האָבן אים געגלויבט, איינער אַ אָרימאַן, דער אַנדערער — אַ רייכער. איינמאָל קומט צו אים דער רייכער און זאָגט: אדוני קיניג, טו מיר אָן דעם כּבוד און קום צו מיר אויף אַ מאָלצייט.

האָט ער אים געבראַכט צו זיך אין הויז, פֿון זייַנעטוועגן געשאָכטן אַ געשטאָפּטן אָקס און געגרייט אַ טיש מיט די טייערסטע מאכלים און משקאות. און אַז שלמה האָט נאָר גענומען פֿאַרזוכן פֿון דער סעודה, האָט זיך דער רייכער מאַן געזעצט אנטקעגן אים, געשאָקעלט מיטן קאָפּ און אַזוי געזאָגט: „ווי צו די אויגן, וואָס זיי זעהען! אָט דאָס איז דער גרויסער הערשער, שלמה המלך, וואָס זיין נאָמען האָט געקלונגען פֿון איין עק וועלט אין אַנדערן? וואו איז זיין גרויסקייט און רייכטום, וואו איז זיין שטאַרקייט און קלוגשאַפֿט?“ האָט עס שלמה'ן פֿאַרנומען ביים האַרצן, ער האָט זיך געוואָרגן מיטן ביסן און אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש, הונגעריג און טרויעריג.

אויף מאָרגן קומט צו אים דער אָרימאַן און זאָגט: אדוני קיניג, טו מיר אָן דעם כּבוד און קום צו מיר אויף מיטאָג.

זאָגט שלמה צו אים: ווילסט מיר אויך אָפּטאָן, ווי יענער געכטן?

ענטפֿערט ער אים: אַ אָרימאַן בין איך און איך האָב נישט מער ווי איין לעבל שוואַרץ-ברויט מיט אַ שיסל זויער-קרויט, נאָר געבן גיב איך עס מיט'ן גאַנצן האַרצן און מיט אַ גרינג געמיט.

איז שלמה געקומען אין שטוב. דער אָרימאַן האָט געבראַכט וואַסער און אים אָרומגעוואַשן הענט און פֿיס, געזעצט אים אויבן־אָן און געבראַכט צום טיש ברויט מיט זויער-קרויט, און אַליין האָט ער זיך געזעצט ביי אים צו-פֿוסן און גענומען טרייסטן אים מיט זיסע רייד: „גאָט-ברוך-הוא האָט געשוואָרן צו דיין פֿאָטער

דָוִיד, אַז דִי מְלוּכָה וועט נישט אָפּגעטאָן ווערן פֿון זיינע קינדער און קינדס־קינדער אויף דור־דורות¹). און גאָטס וואָרט איז אֶמֶת און וואָר. מיט איין האַנט שטראָפֿט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער. האָף צו אים, און ער וועט דיך אומקערן צו דיין פֿריהערדיגער גְדוּלָה²).

אויף זיי ביידן האָט שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ געזאָגט דעם שפּראָך:
ליבער — זויער־קרויט מיט פֿריד און גנאָד,
איידער אָקסן־פֿלייש מיט שאַנד און שפּאָט.

## טז.

אַזוי איז שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ געגאַנגען און געגאַנגען, געוואָגעלט זיך, געוואַנדערט פֿון דאָרף צו דאָרף, פֿון שטאָט צו שטאָט, ביז ער האָט זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן קיין יְרוּשָׁלַיִם.

קומט ער צו די סַנְהֶדְרִין³) און רופֿט אויס: „אֲנִי שְׁלֹמֹה!" — זאָגן זיי אים: „נאַר איינער! שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ זיצט אין קיניגליכ פּאַלאַץ אויף זיין שטול פֿון העלפֿענביין און דו האָסט זיך אַ מְשׁוּגַעַת אין קאָפּ אַריינגעשלאָגן".

אויף מאָרגן קומט ער ווידער און רופֿט־אויס: „אֲנִי שְׁלֹמֹה!" — גלויבן זיי אים ווייטער נישט. נאָר ביי זיך טראַכטן זיי: „ער ווייזט אויס אַ קלאָרער מענטש און רעדט אַלץ צו דער זאַך, נאָר איין נאַרישקייט האָט ער זיך אין קאָפּ אַריינגעשלאָגן — דאַרף מען בעסער אויספֿאָרשן".

אויפֿ'ן דריטן טאָג הויבן זיי אים שוין אָן אויסצופֿרעגן: „גיב אַ וועלכן ס'איז סִימָן, אַז דו ביזט דער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה". זאָגט ער זיי פֿינף טויזענט מְשָׁלִים און טויזענט מיט פֿינף לידער. זיי הערן־פֿאַרוואונדערט און גלויבן נישט די אייגענע אויערן:

— ווער־זשע זיצט דאָרט אויפֿן שטול?
— דער אַלטער אַשְׁמְדַאי, דער מֶלֶךְ פֿון אַלע שֵׁדִים.
— און ווי קאָן מען עס אויף קלאָר דערגיין?

---

¹) דור־דורות — אויף אייביג.
²) גדולה — גרויסקייט.
³) סנהדרין — די גרעסטע ריכטער (שופטים).

— קוקט זיך צו צו זײַנע פֿיס, װעט איר זעהן, אַז זײ זײַנען הינערשע.

פֿרעגן זײ אין קיניגליכן פּאַלאַץ און די הויף־לײַט ענטפֿערן: פֿאַר דער לעצטער צײַט האָט קײנער פֿון אונז ניט געזעהן דעם מלך בּאַרװעסערהײט. אַ גאַנצן טאָג גײט ער אַרום אין לאַנגע זאָקן און בּײַנאַכט פֿאַרשליסט ער זיך אין אַ בּאַזונדער חדר און לאָזט ניט צו קײן מענשן.

האָט שלמה המלך זײ געגעבּן אַ עצה: נײט אַרײַן פֿאַרנאַכט אין זײַן בּאַזונדער חדר און בּאַשיט דעם דיל מיט שטויבּ. זײ האָבּן אים געפֿאָלגט און אויף מאָרגן גלײַך דערזעהן אין שטויבּ בּאַשײַנפּערליכע¹) שפּורן — טריט פֿון הינערשע פֿיס.

האָבּן זיך אױפֿגעזאַמעלט אַלע גרויסע לײַט פֿון ירושלים מיט פֿײַער־פֿאַנען אין די הענט, צוגעקומען צום קיניגליכען פּאַלאַץ און גענומען רויבּערן מיט װײַרעך. דערשפּירט דעם ריח, איז דער אַלטער אַשמדאַי אַנטרונען געװאָרן איבּער פּוסטע װעלדער, װיסטע פֿעלדער, צוריק הינטער די װײַטע הרי־חושך.

און דער מלך שלמה האָט זיך װידער געזעצט אויפֿן כּסא־המלכות²) און געקיניגט איבּערן פֿאָלק ישׂראל פֿערציג יאָר.

¹) בּאַשײַנפּערליך — קלאָר, געװיס.
²) כּסא־המלכות — קיניגליכער טרון.



